יודישע ביבליאטעק

# ליעדער

—פון—

ה. רויזענבלאט.

נ׳יו יארק.

# אינהאלט פערצייכנים:

## I.
## וואלד און פעלד.



## II.
## פאלקסטהימליך.



## III.
## פערשיעדענע.

# טהוי.

לאנגזאם האָט די נאַכט דעם לעצטען
בלויען חלום אויסגעטרונקען,
אויף דעם מזרח שלאָגט דער מאָרגען
אוים די ערשטע ראָזע פונקען.

כ'הויב די אויגען אויף — פערגאַנגען
אין דעם הימעל אלע שטערען.
כ'לאָז אַראָב מיין בליק — אַנטגעגען
ליגט דאָס גרינע פעלד אין טרעהרען.

אויף דעם גרינעם פעלד בעהאַלטען
צווישען בליהמעלאַך און גראָזען
ליגט אַ טרעהר מיינס וואָס דאָס אויג האָט
אין דער נאַכט אַראָפּגעלאָזען.

דאָך מיין האַרץ, אָ, טרייסט זיך, טרייסט זיך,
ס'וועט די טרעהר ניט געהן פערפאַלען,
מיט דעם טהוי צוזאַמען וועלען
זי פערצעהרען באַלד די שטראַלען.



# בליטהען

איך ליג אין וואלד און טרוים.
די נאַכט איז זאַנפט און בלוי,
עס פּערעלט קיהל דער טהוי
פון ווייס בעבליהטען בוים
וואָס וויגט זיך איבער מיר.

אַזוי האָב איך געוויינט
אין יענעם אויגען־בליק,
ווען כ׳האָב מיין לעבענס־גליק
מיט זיכערהייט געליי׳נט
אין בלויען אויג ביי דיר....

*    *

*

איך טרוים... עס טרוימט די נאַכט —
טיעף אין דער בלויקייט ציהט
מיט שטילע גייסטער טריט
דער מאַנד פערזאָרגט, פערטראַכט,
זיין אומעט׳ס נאַכט שפּאַציער...

אַזוי אַרומגעשלעפּט
האָב איך זיך יענע נאַכט,
ווען פּלוצלים אַ פערדאַכט
אין מיר האָט אויפגעלעבט,
אַז דו ביזט פאַלש צו מיר.

*    *

*

איך ליג אין וואלד און פיהל:
עס פאַלט דער בלאַסער צוועט

פאַמעלעכעל און גלעט
מיט צערטליכקייט, נאָר קיהל
מיין טהוי־פערטרעהרט געזיכט...

אַזוי האָסטו געקוסט
מיינ' ליפּען בלייך און שטום...
ווען דו, באמת פרום
געמיינט האָסט אַז דו מ ו ז ט
פערבלייבען טריי דיין פפליכט...



# דער בוים

אוים דעם מיטען וואַלד ערהויבט זיך
פון דעם פריהלינג אַ בעשטראַהלטער,
אַ בעצווייגטער בוים אַן אַלטער,
ווי אַ ריטטער ווי אַ שטאָלצער.

געגען יום טוב'דיגען הימעל
הויבט ער זיינע העכסטע צווייגען.
פול מיט שמחה קומט ער צייגען
איהם די ערשטע גרינע בלעטער...

און בערוישט פון פויגעל־זמירות
און פון יום־טוב פון געשמאַקען,
הערט ער ניט ווי אונטען האַקען
העקער אונטער זיינע ווארצלען.



# בין-השמשות

דער שטילער פריהלינגס טאָג פערגעהט,
דער אָבענד קומט צוגעהען,
פון ערגעץ נעהמט מנוחה'דיג
אַ זאַנפטעס ווינטעל וועהען ;

די זונן שטרעקט אויס איהר שטראַהלען מויל,
איהר לעצטען קוס צו שענקען
דער מיעדער ערד... און מיך בעפאַלט
אַן אונבעשטימטעס בענקען....

מיך אַרט ניט וואָס דער טאַג פערגעהט,
ניט וואָס די נאַכט וועט קומען —
אין גרויען בין־השמשות נור
וואָלט אייביג איך געשוואומען.



# אבענד געבעט

ווען נאָך דעם הייסען טאָג
די נאַכט קומט מילד און קיהל,
דאַן עפענט זיך מיין הארץ
און כליפּעט אין דער שטיל :

אה, שטאַרקער גאָט! ניט לאָז
פערטריקענען ווי שטרוי

די זעעלע אין מיין גוף
און שענק א טראָפּען טהוי!

געפאַלען איז אויף מיר
דעם טאָג'ס צוגליהטער שטויב,
זיין היץ, זיין דורשט, און דאָך,
מיין גרויסער הארה, איך גלויב:

איין איינציג טראָפּען טהוי,
איין טריעף פון הימעל־זאַפּט —
און ווידער פרישט זיך אויף
אין מיר די בליהונגס־קראַפּט.

און ווי די רויז שיקט אָפּ
איהר דופט — א ליעב צו דיר,
וועט שטייגען הייליג־ריין
צו דיין געצעלט מיין שיר...



# בעוויליגט

די זונן שטייגט אַלץ העכער און העכער,
די היץ ווערט סכנת נפשות,
דעם איינציגען בוים אויף דער לאַנקע
בעפאַלט אַזאַ שווערער חלשות.

און שוואַך, קוים דאָס אויג קען בעמערקען,
דער בוים נעמט די בלעטלעך בעוועגען:
„רבונו של עולם, האָב מיטלייד
בעוויליג אַביסעלע רעגען!

גאָט הערט דאָס געבעט און ער איז זיך
מרחם אַצינד אויף די דאַרע,
פון היץ האַלב־פערטרוקענטע צווייגען,
און ס'ווייזט זיך אַ גרויס שטיקעל כמאַרע.

עס דונקעלט... די היץ פאַלט... און לאַנגזאַם
אַ וואָלקען די זון האָט בעהאַלטען — —
אַ בליץ האָט געטאָן — און אויף צווייען
דעם בוים נעבאך איבערגעשפּאַלטען...



# חברים

צוויי בוימער אין זעלביגען וואַלד אויפגעוואַקסען,
צוזאַמען גענאָסען פון זומער די ברכות,
צוזאַמען געטראָגען פון ווינטער די קללות, —
און דאָך ווי פערשיעדען אין זיי'רע מזלות:

איין בוים איז געוואָרען אַ מאַסט־בוים אַ שטאָלצער
און קעמפּפט מיט די ים'ען און שטרייט מיט די ווינדען.
דער צווייטער 'ז אַ בלוטיגע תליה געוואָרען,
אויף וועלכער עס ווערען נשמות פערלאָרען.

נאָר אָפט ווען די נאַכט שפּרייט פונאַנדער אין הימעל
איהר בלויע זייד־חופה, מיט גאָלד־שטויב בעשפּרינקעלט,
און צווישען דעם ים און דעם מאַסט־בוים הערשט שלום,
בעווייזט זיך צום שטאָלצען דער חבר אין חלום.

בעוויזט זיך דער אלטער אמאליגער חבר —
א שוידערליך־הויכע און העסליכע תליה.
און שטיל אין זיין חלום דער מאסט־בוים פערביטערט
זיך וויעגט אויף די דונקעלע כוואליעס און ציטערט...



# דאס קראנקע בלימעל

אין דעם גרינעם וועלדעלע,
הארט נעבען א שטיין
שטעהט א קראנקעס בלימעלע
איינזאם און אליין.

אך, ווי קען דאס בלימעלע
שעהן און בליהענד זיין,
ווען עס לאזט דער שטיין ניט צו
איהר קיין זונען־שיין?...

רק ער ווארפט און ווארפט אויף איהר
שאטענס קיהל און גרוי;
זעלטען לאזט ער צו ביינאכט
איהר א טראפען טהוי.

ווייטער דארט אין וועלדעלע,
טיעף אין גרינעם היי
זעהט זי ווי עס בליהען דארט
בלומען אלערליי.

און זיי גלעט דאס ווינטעלע
און פון הימעל־בלוי

שענקט די נאַכט זיי קושענדיג
פרישע טראָפּען טהוי.

יעדען אבענד קומען דאָרט
„פּאָרלעך“ אויף שפּאַציער,
קלייבען, קלייבען בלימעלעך,
בלימעלעך אָהן שיער.

זעלטען אבער קומען זיי
צו צום גרויען שטיין,
וואו עס שטעהט די וועלקענדע
איינזאַם און אליין;

קומט שוין ווען אַ „פּאָרעל“ צו
מיעד פון דעם שפּאַציער,
קוקען זיי זי אָן א ווייל
און פערלאָזען איהר...

---

# א וואלד לעגענדע

ער איז דער שענסטער בוים אין וואלד,
פערמאָגט די רייכסטע צווייגען,
דאָך וועט זיך אין זיין שאָטען־שוים
קיין פויגעל קיינמאָל צייגען.

די פויגעל טראַגען זיך פערביי
דעם שעהנעם אָהן געזאַנגען;
פערשאָלטען איז ער: — דען אויף איהם
האָט זיך אַ מענש געהאַנגען.



# דיא קאקעטע

.1

אויף דעם בערגעל
שטעהט אַ בלימעל,
קוקט אַריין אין
בלויען הימעל,

וואו איהר ווינקט דער
אבענד־שטערען:
„בלימעל, ווילסט מיין
כלה ווערען?“

און זי ענטפערט
איהם געלאַסען:
„כ'וויל פאר דיר זיך
ניט פער'קנס'ען!“

„זאָל דיר גאָט ניט
שטראָפען בלימעל.
און פערדונקעלט
ווערט דער הימעל“.

אלעם ווערט
פערזאָרגט, פערטראַכט;
און די וועלט —
זי רופט עס נאַכט.

.2

אויף דעם בערגעל
שטעהט דאָס בלימעל,
קוקט פערקלערט צום
בלויען הימעל,

וואו איהר ווינקט דער
מאָרגען־שטערען:
„בלימעל, ווילסט מיין
כלה ווערען?“

און זי ענטפערט
איצט דעם בלאַסען:
„א פ ש ר ווער איך
זיך פערקנס׳ען.“

„גאָט זאָל בענשען,
דיך, שעהן בלימעל!“
און בעלויכטען
ווערט דער הימעל...

עס פערגעהט
באַלד זאָרג און קלאַג;
און די וועלט —
זי רופט עס טאָג.



# בעריאַזא

עס האָט געטראָפען זיך מיט איהר
אין סוף פון מאָנאַט מאַי.
בעריאָזא כאַפּט זיך אויף פאַרטאָג
און הערט אַ פּישטשעריי.

און באַלד האָט שוין דער גאַנצער וואַלד
געוואוסט בעריאָזא׳ס גליק:

געשאַנקען האָט דער פויגעל איהר
אויף איין מאָהל זיבען שטיק.

„דיר קומט אַ גרויסער מזל־טוב“,
זיך רופט אַ שכנה אָפּ.
בעריאָזאַ דאַנקט און טהוט צו איהר
אַ נייג איהר שעהנעם קאָפּ.

נאָר לאַנג האָט אָבער ניט געוועדט
בעריאָזע׳ס גרויסער גליק —
דער פויגעל פליהט איין טאָג אַוועק
און קעהרט שוין ניט צוריק...

פעראומערט שטעהט בעריאָזא איצט
און וויעגט סיי טאָג סיי נאַכט
די פישטשענדיגע פויגעלאַך
און קלערט דערביי און טראַכט:

וואָס טהו איך מיט די נאַקעטע
יתומים׳לאַך אצינד?
איין הילף איז נור פאר זיי — — פאר מיר :—
א בייזער שטורעם ווינד.



# אַ בית-עולם בלום

אויף א פרישען קבר־בערגעל
וויגט זיך צנוע׳דיג און פרום,
נור־וואָס פון איהר קנאָספּ ענטשפּרונגען
אַ נאַאיווע צאַרטע בלום.

ס׳איז איהר ערשטער לעבענס מאָרגען;
ס׳איז איהר ערשטע זונען פראַכט,
זינט איהר בשמים׳דיגע זעעלע
האָט די קנאָספּע אויפגעמאַכט.

רונד ארום די קברים־בלומען
מיט אַ טרויעריג געמיטה
בליקען אויף דער יונגער שעהנהייט,
ווי זי חנ׳דעלט זיך און בליהט.

אַך, זי ווייסט ניט, די נאַאיווע,
דאָס איהר בליטהען־רייץ בעציערט
דאָ די סטעזשקעס, וואו אבלות
אין איהר איינזאַמקייט שפּאַציערט...



* *
*

עס הודיעט דער דונער, עס פלאַמען די בליצען,
דאָך בלייבען די וואָלקען פער׳חושך׳ט און שווארץ:
צו האָב איך ניט אויסגעהויכט אפשר אין זיפצען,
צום הימעל די פינסטערע זאָרג פון מיין האַרץ?

אוי לאַנג וועט דאַן וויינען דער הימעל און גיסען...
כאָטש איהם העלפט דער דונער, דער בליץ מיט זיין פלאַם;
כאָטש איהם זעהט די ערד און כאָטש איהם וויל פערגעסען
דאָס קאָכיגע האַרץ פון אַ מעכטיגען ים....



# סוף זומער

סוף זומער, סוף זומער...
אוּן אַט וועלען באַלד
שוין אַנהויבען פאַלען
די בלעטער אין וואַלד.

אוּן ס'וועט זיי פערקעהרען
דער ווינד — אוּן א סוף!
חלומות אייך גוטע,
אַ פריידליכען שלאָף!

* * *

סוף זומער, סוף זומער...
אַט נאָך אַ פּאָאר טעג,
אוּן ס'נעהמען די פויגלען
זיך קלייבען אין וועג...

אוּן פּוסט אוּן פערלאַזען
אַ נעסט נאָך אַ נעסט.
אַ גליקליכע רייזע
אייך, ליעבינקע געסט!

* * *

סוף זומער, סוף זומער....
אוי ווינד איז אוּן וועה!
שוין ליגט אויף דער לאָנקע
געקאָסעט דאָס היי.

באַלד קומען די שניטער
אוּן נעהמען עס צו.

אדיע, פריזע לאנקע,
א פריעדליכע רוה!

* * *

סוף זומער, סוף זומער...
און אימה'דיג, שווארץ
פערקלייבט זיך דער אונרוה
גאנץ טיעף אין מיין הארץ.

און כ'הער שוין דעם הערבסט־ווינד
דארט קלאגען אהן שיעור —
אוי, הארץ מיינע קראנקע,
וואס ווינשט מען עס דיר?...



* *
*

גענוג האט פערבארגענערהייד זיך געמאטערט
מיין הארץ און בסוד זיך געקלעמט:
„סטייטש זומער, ווען אלסדינג וואכט אויף און צובליהט זיך?!“
און וויינען האב איך זיך געשעהמט...

נאר איצט, ווען אלסדינג נעהמט פערוועלקען און גוסס'ען,
בעדארף איך קיין אויסרייד ניט — ניין!
איצט דארף איך פאר קיינעם מיין הארץ ניט אויפמאכען,
ס'איז אסיען — און ס'וויינט זיך אליין...



# דיא יונגע ווערבע

שוין פאַראיבער איז דער שטורעם,
און ביים ברעג פון מוטנעם טייך
שטעהט די יונגע, שעהנע ווערבע
מאַיעסטעטיש, שטאָלץ און גלייך.

פאַר איהר ליגען ריעזען־דעמבעס,
פון דעם שטורם אומגעבראַכט,
ווי די קעמפּפער אויף דעם קריעגס־פעלד
נאָך אַ בלוטיג־שווערער שלאַכט.

און די ווערבע דאַנקט איהר שעפּפער,
איהר גענעדיג גרויסען האַרר,
וואָס דורך בויגען זיך און בוקען
ווערט זי נצול פון געפאַהר...



# דאם לעצטע פויגעלע

עס שפּרייט דאָם לעצטע פויגעלע
די פליגעלאַך פונאַנדער,
פערלאָזט זיין נעסט אין אַלטען דעמב
און לאָזט זיך אין זיין וואַנדער.

„אַדיע“ קלינגט אוים דאָם פייגעלע
אין טרעלען ליעדער טריעבע —

„אַדיע! מיין דעמב, מיין אַלטער פריינד,
מיין זיסע היים, מיין ליעבע!"

„אדיע, מיין פריינד, דו בלייבסט אין דר'היים,
אין דר'היים דאָ צווישען ברידער;
דער ווינטער וועט ניט ציהען לאַנג —
און דו וועסט בליהען ווידער;

„און קרעפטיג שטרעקסטו פון דאָס נייַ
די אַלטע, קוואַרע גליעדער...
אַ פרישער מאַי, אַ פרייע צייט —
מיט נייע פויגעל ליעדער...

„און אין דער זעלבער נעסט, וואו איך
בין ביז אצינד געזעסען,
אַ צווייטער פויגעל נעסטען וועט,
און מיך — וועסטו פערגעסען..."

* * *

מיט צער און אומעט הערט דער דעמב
דאָס לעצטע ליעד פערקלינגען....
איי וועה, ווען ס'וואָלט דער אַלטער בוים
געקאָנט אצינדערט זינגען!...



# דיא לעצטע

עס שטאַרבט די לעצטע זומער־בלום
אין איינזאַם וויסטען טהאָל.
טויט שטיל, נאָר ווען־ניט־ווען קרעכצט אָב
אַ בייזער קראָהען־קול.

די לעצטע פון איהר בליטהען־שטאָם
צו זיין, איז איהר בעשערט.
איז דאָ נאָך אזאַ עלענדע,
ווי זי איז, אויף דער ערד ?

די לעצטע פון איהר צאַרטען שטאָם —
ווי שווער איז, גאָט, דיין שטראָף !
אָה, ווער וועט בלייבען דאָ נאָך איהר
צו טרויערן אויף איהר סוף ?



* *
*

עס הערט מיט שרעק זיך איין דער וואַלד
צום בייזען שטורעם וועטער.
„אָה, שוידערהאַפט ! וואָס וויל ער נאָך
אַ חוץ די טויטע בלעטער ? ! . . .“

„די גרינע נעסטעלעך צושטערט,
די פויגעל לאַנג צוטריבען ;
וואָס איז מיר נאָך פון זומער'ס פראַכט,
פון זומער'ס גליק געבליבען ?...“

עס ברומט צורייצט דער אָסיען ווינד,
איהם לאָזט דער כעס ניט שווייגען,
די בלעטער האָט ער אָפּגעפּליקט,
איצט ברעכט ער גאַנצע צווייגען.



# אין סאד און אין גאס

.1

א הערבסט־ווינד אַ פּוילער,
עס קאַפּעט אַ רעגען,
ווי לאַנגזאַם אין סאַד זיך
די ביימער בעוועגען.

אַ שאַד זיי די געלע
טשאַכאַטעטשנע בלעטער,
אַז זאַל נאָך געווערען, —
אַביסעלע שפּעטער...

עס איז דאָך ניט אַלעס
שוין טאַקע פערפאַלען,
די זון וועט נאָך שענקען
פיעל ווארעמע שטראַהלען.

.2

אַ הערבסט־ווינד אַ בייזער,
עס מבול'ט אַ רעגען,
דערשראָקען אין גאַס זיך
די ביימער בעוועגען.

„ארונטער, איהר געלע,
צוטריקענטע בלעטער!
צו וואָס נוצט זיך ראַנגלען
און וואַרטען אויף שפּעטער?"

„אַרונטער, אַרונטער!“
רווישט בייז און משונה:
„אַרונטער, איהר בלעטער!
אין רינע, אין רינע!“

# אין גאַרטען—אין פּאַלאַסט

.1

עס בליקען די וועלקענדע בלומען פון גאָרטען
אַרויף צו דער רייכער וואַזאָנע
אין בלאַנקענדען פענסטער פון פּרעכטיגען פּאַלאַסט
און זיינען איהר שרעקליך מקנא.

„דאָ צווישען די פּרעכטיגע מאַרמאָר סטאַטוען
און שפּריצענדע פרישע פאָנטאַנען,
ווי רייך איז דאַס בליהען, ווי פריי איז דאָס לעבען,
ווי שווער, אַך ווי שווער איז דאָס וויאַנען!...“

.2

עס בליקט פון דעם בלאַנקענדען פענסטער אַרונטער
די בליהענדע רייכע וואַזאָנע,
און זעהט ווי עס וועלקען אין גאָרטען די בלומען
און זי איז זיי שטערבליך מקנא...

„אָט דאָ אונטער פּרעכטיגע שווערע גאַרדינען
און זייד'נע, געשטריקטע געוועבען,
ווי האָפנונגסלאָז איז דאָ דאַס איינזאַמע בליהען,
ווי שווער — אַך ווי שווער איז דאַס לעבען...“





במאַרנע קוקט די זונן אַרונטער
דורכ'ן נעבעלדיגען עטער,
קוסענד אויף די שפּיצען בוימער
די פערגעלטע לעצטע בלעטער.

מאָרגען פריה, ווען זי וועט ווידער
אויף דעם קאַלטען הימעל שטייגען,
אך, ווער ווייסט צו וועט זי טרעפען
נאָך זיי היינגען אויף די צווייגען?...



# אָה ווי גלויבט מען?

שוואַרצע כמאַרע אויף דעם הימעל
אַהן אַ ענדע ציהט און ציהט —
אָ, ווי גלויבט מען אַז דאָרט אויבען
איצט דער פרייער אָדלער פליהט? !

גרויע פרעסט די ערד בעדעקען
און עס ברומט מיט כעס דער ווינד —
אָ, ווי גלויבט מען אַז אין לענדער
ווייטע, זינגט דער פויגעל צינד? !





מיט רוגזה זינגט די אָסיען נאַכט
איהר ווילדען שטורעם־נגון
און וויגט די קראַנקע ערד און וויגט
און קען זיא ניט פערוויגען.

עס קרעכצט פון צער די ערד און גיסט
מיט ביטערע יללות.
די נאַכט פערלירט שוין איהר געדולד
און שילט מיט טויטע קללות.

„פערטרוקענט זאָלען אין דיין גוף
די אָדערען דיר ווערען“ —
עס טהוט די ערד אַ זיפץ, און אויס,
זי קען שוין מעהר ניט הערען...



# ד י א   ו ו א ז א נ ע

אין דעם פענסטער פון דעם פאַלאַסט
די וואַזאָנע שטעהט און בליהט.
פון דעם גרויען, טריבען הימעל
פלאַטערט גרינג דער שנעע און פליהט.

און עס קוקט זיך די וואַזאָנע
אין דעם שנעע, דעם קלאָרען, איין.

„זאָלען אפשר דאָס געשפּענסטער,
פון די גאָרטען־בלומען זיין ?“

„איך געדענק אייך, גאָרטען־בלומען,
שעהן און צנועה’דיג און שטיל...
אָפּט האָב איך אויף אייך געטראָגען
אין מיין הארץ אַ שווער געפיהל.“

„אָפּט מיט קנאה פלעג איך קוקען,
ווי דאָס ווינטעל, מילד און צאַרט,
גלעט און וויעגט אייך, ווען איך, איינע,
בין אין תפיסה איינגעשפּאַרט.“

„זייט מיר מוחל, איהר געשפּענסטער,
פאַר מיין קנאה’דיג געפיהל.
זייט גענעדיג צו דער זעעלע,
וועלכע לעבט ניט ו ו י זי וויל...“



# די א ווייסע מדבר

אַ ווייסע אַטלעס ווינטער־נאַכט.
אַ הימעל היינגט אַ בלויער.
מיליאָנען שטערען שימערען
און שמעלצען זיך אין טרויער.

אַ ווייסע מדבר פלאַטערט גרויס
און מאַניעט מיר אַנטגעגען:
„קום וואַנדער וואו דו ווילסט אליין,
אָהן סטעזשקעס און אָהן וועגען“.

„ניטאָ דער אויסגעטראָט'נער שליאַך,
וואָס פלעגט דעם וואַנדרער פיהרען.
געה בלאָנזשע ביז דו ווערסט זיך וואו
אין זילבער וואַלד פערלירען.“

„דו בלאָנדזשעסט און אַריבער דיר
זיך פלעכטען זילבער־צווייגען.
האַלט הייליג, מענש, די איינזאַמקייט
און בענש דאָס ווייסע שווייגען.“



# נאַך'ן יריד

אין מערב־זייט האַלט שוין די זון ביים פערגעהען
און שלעפ'ריג, צוקראַכען און מיעד,
זיך סקריפּענדיג שלעפּען די פוהרען און פוהרלעך
אַהיים שוין צוריק פון יריד.

עס פּאַקען די מאַרקלייט שוין איין זייער נשאר
אין קאַסטענס, אין קוישען און זעק.
ניטאָ שוין, ניטאָ מעהר אויף היינט וואָס צו האָפען,
א סוף פון יריד שוין — אַן עק!

די קרעמער נור שטעהן נאָך פערזאָרגט און פער'דאגה'ט
און געניצען שלעפ'ריג און מיעד,
און צעהלען און זיפצען, און זיפצען און צעהלען
דעם פדיון פון נאַך דעם יריד...

אַלט־פרענקישע גראָשענס, פערריבענע דרייערס,
פערגרינטע פּיאַטאַקעס אָהן שיעור.

צו איז דאָס מיין ריוח, צו איז דאָס מיין קרן ?
צו אפשר גאָר פרעמדס, ווינד איז מיר ? !

* * *

ס'איז נאָכט און אין הימעל שווימט אום די לבנה
און שטראַהלט מרה־שחורה'דיג, מיעד...
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
„וואָס טהוסטו דאָרט איינער אליין אויפ'ן מאַרק נאָך ?
דו זעהסט נים ? — שוין נאָך דעם יריד !...“



# דער נייער זמן

שוין נאָך יום־טוב, ליעבע קינדער,
ס'הויבט זיך אָן דער נייער זמן.
נו, צוריק צום אַלטען רבי'ן,
„חיים־שמעיה קאַטערזשאַן."

היידא, נו, צוריק אין חדר!
נור געשמאַק זיך גענומען
צו דעם לימוד, צו דעם אַלטען,
מיט דעם נוסח, מיט דעם קנאַק!

אויף דעם טיש דער זעלבער קאַנטשוק,
אַלע רימענדליך אין צאָהל,
אויף דעם באַלקען נאָך די זעלבע
פּאוטינע, ווי אמאָל;

אויף דער וואַנד דער אלטער זייגער
היינגט ווי אימער אויבען אָן,
צעהלט בתמימות זיך די רגע'ס
מיט זיין הייזעריגען טאָן.

און דער שווער בעשטויבטער אומרוה
זיך ווי שלעפעריג בעוועגט
און עס דאַכט זיך ווי ער „טיקעט",
ווי ער „ניקעט" און ער פרעגט:

„האָט איהר, קינדער, ניט פערגעסען
און אַ ליכטעל מיטגעבראַכט?

אסיען. קליין די טעג שוין זיינען,
לערנען נעהמט מען היינט ביינאכט.'

„צינדט זשע, קינדער, אָן דאָס ליכטעל
און געמען זיך געשמאַק
צו דעם לימוד, צו דעם אַלטען,
מיט דעם נוסח, מיט דעם קנאַק!"

„לערענט, קינדערלעך, גאָט'ס תורה,
איהרע סודות, טיעף און גרויס,
לערענט, לערענט, ליעבע קינדער,
ביז דאָס ליכטעלע געהט אויס..."



# קריאת שמע

לייען קריאת־שמע, מיין קינד, מיט דער באַבען און נורע
זיך איין אין דאָס קישען און דרימעל,
און גרינג ווי א פויגעלע וועט דיין נשמה
אַרויף צו דעם זיבענטען הימעל.

אריין וועט אין הימעל דיין ריינע נשמה
און וועט איבער נאַכט דאָרט פערבלייבען,
אין ספר זכרונות אליין וועט זי מוזען
פון טאָג דיינע זינד דאָרט פערשרייבען.

לייען קריאת־שמע, מיין קינד, מיט דער באַבען—נאָר היט זיך,
ניט היפּפּער, דען גאָט וועט דיך שטראָפען:
ביינאַכט וועלען שלעכטע חלומות דיך מוטשען
און וועלען ניט לאָזען דיך שלאָפען.

עס שעפּטשען מיט פּחד די קינדערשע ליפּלעך,
בעוועגען זיך אונטער דעם דרימעל...
ווי זיס, אוי, געווען איז דער שלאָף ווען די יונגע
נשמה געשוועבט האָט אין הימעל.



# אין העברען לימוד

ס'איז ווינטער פאַרטאָג, אויף דעם הימעל
נאָך שימערט אַן איינזאַמער שטערן,
איך זיץ שוין ביי „בערעלע ספר“
דער ערשטער אין חדר און לערנען.

אין שטיבעל איז שטיל... מעהר ניט דבורה,
פערפלאָכטען די שוואַרצע צוויי צעפּלאַך,
זיך פּאָרעט ביים פייער אין אויוועו
און שאַרעוועט דאָרט מיט די טעפּלאַך.

„אוי אמר אביי“... ווי הייליג
איז, גאָט, מיר צו לערנען דיין תורה.
„אוי אמר אביי“... ווי טייער
און ליעב מאַכט דאָס חדר מיר דבורה.

איך לערען... און יעדוועדער שורה,
און יעדוועדער אות אין דער תורה,
און יעדוועדער קליינע נקודה
איז דבורה און דבורה און דבורה.

„אוי אמר אביי“... און כ'הויב אויף
פער'גנב'עט פון ספר די בליקען,

אין ווינקעלע זיצט שוין איצט דבורה
אריינגעטאָן עפּעס אין שטריקען.

איך קוק און מיר דאַכט אויף איהר פּנים
ז'אַן ערענסט אַ טיעפער צוגאָסען.
אַ תפילים־זאַק, קלעהר איך מיר, שטריקט זי
פאר מיר, פאר איהר ליעבענדען חתן.

דאָס וועט זיין אַ שעהנע מתנה,
ס'וועט זיכער מיין מאַמען געפעלען;
ניט נעמען וועט לאַנג און מען וועט דאַן
די חופּה, די גליקליכע שטעלען.

און זיצען אויף קעסט ביי מיין טאַטען.
וועל איך מיט מיין טהייערער דבורה,
און זי וועט כסדר זיך שטריקען,
און איך וועל רק לערנען גאָט'ס תורה.

„אַיי אמר אביי"... און ליכטיג
נעמט ווערען אין דרויסען דער הימעל,
און ס'כאַפּט זיך דאָס קליינטשיקע שטעדטעל
פּאַמעלאַכעל אויף פון דעם דרימעל.

און ערגעץ פערשטעקט אויף דעם בוידעם
דער האָן, דער קאָדלאַטער, נעמט קרעהען;
פון חדר די טיהר הויבט אָן סקריפּען,
עס קומען די אינגלאַך צוגעהען.

„אַיי אמר אביי", קלינגט איצט שוין
פון צעהנדליגע שטימען דער ניגון,
פאַר מיר זיצט שוין „בערעלע ספר"
און הערט זיך ניט אויף גאָר צו וויעגען.

ווי טהייער, אוי גאַטעניו, איז מיר
צו לערנען דיין הייליגע תורה.
„אוי אמר אביי“... נאָר וואו איז
פערשוואונדען געוואָרען איצט דבורה?...



# ביי דער ארנע

האסטיג בלאָזט דער אַלטער בלאָז־זאַק,
אויף דער אָרנע ברענט און גליהט,
רויט דאָס אייזען, שווער דער האַמער
און פלטיאל שטעהט און שמידט.

און ער הערט אין יעדען אָפּקלאַנג
פון זיין האַמער קלאָהר און העל
מרים'ס נאָמען; און דאַריבער
שלאָגט ער פלייסיג, גרינג און שנעל.

אַ פערגאפטער שטעהט דער מייסטער,
קוקט מיט שטוינען אויף דעם יונג:
עפּעס הערט ער היינט וואָס מאָדנעס
אין פלטיאל'ס האַמער־קלונג.

אַך, פערלאָרען האָט דער האַמער
אין פלטיאל'ס האַנד די וואָג
און אויף הילכענדיגע קלאַנגען
לאָזט ער הינטער זיך דעם טאָג.

אזוי בלאָזט דער אַלטער בלאָז־זאַק
פול מיט גבורה, פול מיט מאַכט.

און דער פייער הויבט און לעשט זיך
און עס נעהנטערט זיך די נאכט.

און אין אבענד, ווען פלטיאל
זיצט מיט מרים'ען ביים טייך,
אויף זיין בוזעם רוהט איהר קעפעל,
ליגט איהר פנים צארט און ווייך.

און דאס הארץ זיינס ווערט א אָרנע
אין דאָרט פלאַקערט, ברענט און גליהט;
עמעץ קלאַפּט דאָרט מיט א האמער...
נאָר פלטיאל קען דעם שמיעד...

און מיט גליהענדיגע קוסען
שמידט ער זיך צונויף מיט איהר...
פונקען שפריצען... און אין הימעל
פינקלען שטערען אהן א שיעור...

* * *

האסטיג בלאָזט דער אלטער בלאָז־זאק,
אויף דער אָרנע ברענט און גליהט,
רויט דער פייער, שווער דער האמער
אין פלטיאל שמידט און שמידט...



# דיא שטערונג

לא ישא אדם אשה ששמה כשם אמו.
(צואת ר׳ יהודה החסיד, ב״ב).

שטארק צוטראָגען ביי דער ארבייט
זיצט די לעצטע צייטען גאָדעל,
רק איהם פלאָנטערט זיך דער פאָדים
און עס פאַלט פון האַנד די נאָדעל.

די חברים ביי דער ארבייט
קוקען שטום אויף איהם און גאָפען;
וואָס, א שטייגער, פאר א צרה
האָט מיט גאָדלען זיך געטראָפען?

און אפילו אויך די שערען
עפּעס ווי פער׳חדוש׳ט קלינגען:
גאָדעל זאָל דאס ביי דער אַרבייט
זיצען סתם און גאָר ניט זינגען?

אך, ווען גאָדעל נעהמט זיך ציקלען
אויף זיין צוקער־זיסער שטימע,
בערקע באַמקעט פרעהליך אונטער
און אליקום לאָזט זיך פרימאַ —

שמיידיג, פרעהליך געהט די אַרבייט,
פלייסיג וואַרפען זיך די נאָדלען,
און די שערען קלינגען היימלעך — —
אך, וואָס איז געשעהן מיט גאָדלען?

אין אברהם'קע שוסטער'ס מיידעל,
אין דער שעהניטשקער נחמה'ן
איז פערקאַכעט אונזער גאָדעל...
נאָר — ווי זאָגט מען דאָס דער מאַמען ?

ביידע הייסען דאָך איין נאָמען —
אי די מיידעל, אי די מאַמע...
„ניט בעשעהרט מיר!"—זיפצט זיך גאָדעל—
„ניט בעשעהרט מיר גליק מסתמא..."

סומנע זשומען די מאַשינען,
אָהן אן אויפהער קלאַפּט דאָס פּרעסעל...
פּלוצלונג דורך דעם קליינעם פענסטער
דרינגט אריין אַ רעש פון געסעל.

ערגעץ קלינגט אַ צדקה־פּושקע,
פינסטער ציהט זיך אַ לויה:
אין דעם הקדש איז געשטאָרבען
היינט די אַלטע שרה־חיה.

„וויפיעל איז זי אַלט געוועזען?" —
פּרובט זיך איצט דערמאָהנען גאָדעל —
„אין איין עלטער מיט דער מאַמען..." —
און אַ ציטער טהוט זיין נאָדעל.

כמורנע קלאַפּט די צדקה־פּושקע,
ס'ציהט די מטה שטיל פאראיבער...
ווי פערטומעלט זיצט איצט גאָדעל
און עס טרייסעלט איהם א פיעבער....



# איהר סוד

דער טאַטע שלאָפט, די מאַמע שלאָפט,
עס שלאָפן אַלע קינדער.
נאָר ביילעניו, זי ליגט און טראַכט
פון קאָפּעלען אַצינדער.

אַ וואַזשנער בחור קאָפּעלע,
אַ פלינקער יונג, אַ גבור,
ביי שמשון שוסטער ארבייט ער
אין הויף פונקט געגען איבער.

פון קיכען־פענסטער זעהט זי איהם
דאָרט זיצען אַ פערטיעפטען,
און פלייסיג שפרינגט דאָס העמערעל
און קלאַפּט און שלאָגט די שטיפטען.

און אָפט צולאָזט זיך קאָפּעלע
אין האַרצעדיגע ליעדער.
אַ קול האָט דאָס דער קאָפּעלע —
צוגעהט אין אַלע גליעדער.

זי קוקט אויף איהם און קלעהרט דערביי:
אַ יתום מן־הסתמא,
אַ יתום און אַ עלענדער!
און ס׳רייסט איהר די נשמה...

נו, נו, אַ קול האָט דאָס דער יונג,
דאָס האַרץ ווערט פראָסט צוריסען —

אוי, וועה, זאל טאטע־מאמע כאטש
דעם סוד זיך ניט דערוויסען.

אוי, טראגען וועט זי שטיל דעם סוד,
בעגראבען טיעף אין הארצען.
א שוסטער־יונג! — זי וועט דאך זייי
די פנים׳ער פערשווארצען.

און ביילעניו, זי ליגט פערטראכט,
דאס הארץ איהר׳ס אין איין נאגען,
עס דאכט זיך איהר, ווי קאפעלע
וואלט שטיפטען דארט געשלאגען...

זי הערט אין הארץ דאס העמערעל;
עס קלאפט, אלץ שטארקער, גיכער.
ס׳איז קאפעלע, ס׳איז קאפעלע!
זי וויים, זי וויים עס זיכער.

און פעסט צום וואנד דריקט זי זיך צו
און בעט מיט הייסע טרעהרען:
אוי קאפעלע! ניט קלאפ אזוי,
די מאמע קען דערהערען!...



# מתנות

א זאנטיקעל האט מיר מיין ליעבסטער געקויפט,
א זיידענס מיט בליאנדען און שפיצען.
כדי ווען איך געה אויף דער גאס, פון דער זונן,
מיין פנים, מיין שעהנעם, צו שיצען.

מיט גדלות פלעג איך דאַן שפּאַצירען, כדי
די חבר'טעם מיינע צו שטעכען...
אוי, וועד האָט געקענט זיך דאָס ריכטען אויף איהם
אַז ער זאָל דאָס הארץ מיינס צובּרעכען?

איצט טראָג איך דאָס זאַנטיקעל מיינס, אָבער ניט
פון זונן צו בּעשיצען מיין פּנים,
כ'פערשטעל זיך די אויגען דערמיט, ניט צו זעהן
ווי ס'לאַכען פון מיר מיינע שונאים.

אַ זייגערעל האָט מיר מיין ליעבּסטער געקויפט,
אַ גאָלדענס מיט שעהנע גראַווירען,
כדי איך זאָל וויסען די צייט ווען מיט איהם
אין וועלדעל צו געהן זיך שפּאַצירען.

געוועזן אוי, אַ זייגערעל איז דאָס געוועזן,
אָט גאָר פון די זעלט'נע אַנטיקען,
די חבר'טעם פלעגען פאַר קנאה מיך שיעור
פערברענען מיט זייערע בּליקען.

איצט זיץ איך און הער זיך צום זייגערעל צו,
ווי ס'רוקען זיך שטיל די סעקונדען,
און לאַנג ווי די ווינטער נעכט ציהען זיך פאַר מיר
די שווערע, די שמערצליכע שטונדען.

פּאַטשיילקעלאך האָט ער מיר זייד'נע געקויפט,
געבּראַכט אַזש פון וואַרשע צו פיהרען;
די חבר'טעם פלעג איך ארויסנעמען פראַסט
די אויגען מיט זיי'רע קאָלירען.

איך האָב זיי געוואשען און גראַד פאַר דעם הויז
צו טריקענען רק אויסגעהאַנגען:

„נאַט זעהט אויף ציקאַװעסט!‟ און מיר פלעגט דאָס הארץ
פאַר נחת אַזש װערען צוגאַנגען.

איצט װאַש איך די זײדענע טיכעלאך, אױ!
אין הײסע, אין זודיגע טרעהרען,
נור כ׳הײנג זײ שױן מעהר ניט ארױס, ס׳ איז אומזיסט:
זײ קענען שױן טרוקען ניט װערען.



# אין שדוך

וכבד זי ליעגט אויף איהר בעטעל;
אין אַלקער איז פינסטער און שטיל;
זי ליעגט און עס לאָזט זי ניט שלאָפען
אין הארצען אַ מאָדנער געפיהל...

אַ פּאָאָר שעה צוריק איז פון טאַטען
רב סענדערעל שדכן אַװעק;
מען האָט װאָס גע׳טענה׳ט, געשפּאַרט זיך,
גערעדט אָהן אַ סוף, אָהן אַן עק.

פון ענין האָט זי אין איהר אַלקער
נור אײנצעלנע װערטער געכאַפּט:
„מחותן... נדן... שעהנער יחוס...‟
און, אױ, װי איהר הארץ האָט געקלאַפּט...

אַ גביר איז דער אַלטער מחותן,
אַ סוחר אַ װאַזשנער אין בראָד...
דער חתן — דער עיקר, איז אָבער
געבליעבען פאר איהר נאָך אַ סוד:

צי איז ער אַ „שעהנער“, דער חתן?
צי איז ער בלאָנדין, צי ברונעט?
און שפּיעלט ער, לויט היינטיגער מאָדע,
אויף פּיעדעל צי גאָר אויף קלאַרנעט?...

ס'איז שטיל... פאַר איהר פענסטער בעוועגט זיך
די לבנה פערטרויערט און בלאַס,
פון ערגעץ אַ פענסטער צוגיסט זיך
אַ קינדערשעס כליפּען אין גאַס...



# דער חתן קומט

וכבד, זי זיצט אויף איהר בעטעל.
שוין שפּעט, נאָר איהר נעמט ניט קיין דרימעל...
און בלוי היינגט מיט טויזענדע שטערען
אַריבער איהר פענסטער דער הימעל...

„כ'וועל קומען אויף שבועות, מחותן“,
האָט ער אין זיין בריוועל געשריבען.
זועט קומען... אין גאַנצען אַ וואָך נור
ביז שבועות, ביז י ו ם ט ו ב געבליבען...

האָט איין מאָל דעם חתן געזעהן בלויז,
ער האָט, דוכט זיך, העל־בלויע אויגען...
און ס'איז פאַר איהר פענסטער אַ שטערען
דעם הימעל אַריבערגעפלויגען...

און ליפּען, געדיינקט זי, אַזוי ווי
מיט בלוט־רויטען וויין אָנגעגאָסען...

אין גראָז האָט זיך אונטער איהר פענסטער
א רויז פון איהר קנאָספּ אויסגעשלאָסען...

„כ'וועל קומען אויף שבועות, מחותן!"
אוי, וואָלט ער שוין, וואָלט ער געקומען!...
און צנוע'דיג איז אויף דעם הימעל
די בלייכע לבנה געשוואומען...



# ביי דער „גאלדענער יויך"

די „גאָלדענע יויך" שוין געענדיגט.
אָן טיש אויף די הענד אָנגעשפּאַרט,
זיך זיצט דער צופרידענער עולם
און קוקט אין דעם ווינקעל און וואַרט.

דאָרט סטראָיעט איצט קאַפּעל זיין פיעדעל,
שטעלט יעדוועדער סטרונע צום טאָן...
ער נעמט זיך איצט שפּיעלען דעם „צושפּיעל"
און ווייזען דער וועלט וואָס ער קאָן.

יוכבד די כלה די שעהנע
אין צודעק נאָך זיצט האַלב פערדעקט;
ארום איהר דער מיעדער געטומעל
צוזאַמען זי שלעפערט און וועקט...

און אָט שווימט אַרויס פון דעם ווינקעל
א נגון מחיה'דיג, שטיל.
און ריהרט וואָס און וועקט אין איהר הארצען
א פרעמד־אונבעשטימטען געפיהל...

און ס׳גיסט אין יוכבד׳ס נשמה
דער „גוסט“ און ער נאַרט זיך אריין,
און פּיעשטשעט און לאַשטשעט זי צערטליך
און עפּעס ווי שלעפערט זי איין...

און אַט, דאַכט איהר, נעמען צוויי ארעמס
ארום זי און דריקען זי צאַרט.
עס פאַלט איהר אַ קוש אויף די ליפּען...
ס׳איז פינסטער... ס׳איז שטיל... און זי וואַרט...



# דאס יונגע פּאארעל

שטאַק פינסטער איז אין אלקערעל.
די פאָרהאַנגען פערהאַנגען.
און אַלטערעל, איהר קרוין, איז איצט
אין קלויז אַוועקגעגאַנגען.

אַוועק איז ער אַצינד אין קלויז
צו לערנען דאָרט גאָט׳ס תורה.
אין אַלקער זשומעט וואו אַ זשוק
און זי האָט נעבאך מורא...

דעם גאַנצען טאָג די שוויגער רק,
זי האַלט זי אין איין קוועלען:
זי זיצט און היט עס זאָל דעם קינד
קיין זאַך חלילה פעהלען...

און איצט איז זי אַליין, און ער
אין קלויז אַוועקגעגאַנגען.

און ס'ציהט און ציהט איהר הערצעלע,
און קלעמט איהר ווי מיט צוואַנגען.

און פייכט פון טרעהרען הויבט זי אויף
די אויגעלעך צום הימעל:
„אוי, גאָטעניו, דערבאַרעם זיך,
און שיק אויף מיר דעם דרימעל!“

און אומעטיגער זשומעט שוין
דער זשוק מיט מרה־שחורה...
און ס'דוכט זיך איהר, זי הערט אצינד,
איהר אלטער'ל זאָגט תורה...



# דיא עגונה

צוגעשלאָסען טהיר און ריעגעל,
זעצט יוכבד זיך ביים וויעגעל;

מיט א שטילען אומעט נגון
נעהמט זי זיך דאָס קינד פערוויעגען...

אין א ווינקעל, פול מיט אומעט,
וויינט א פליגעל שטיל און זשומעט,

פונקט ווי דאָס וואָלט קלאָר בענעמען
אין יוכבד'ס האַרץ דאָס קלעהמען:

א רחמנות אויף דער בלאַסער,
נעבאך, ווי אין מיטען וואַסער

זי געלאָזען האָט עס נאָטע —
בלויס און נאַקעט, אָהן אַ פּרוטה!

פינסטער... שווערע רעגען־טראָפּען,
הערט זי, סומנע קלאַפּען, קלאַפּען

אָן די לאַדען, אָן די טהירען,
עפּעס ווי זיי וואָלטען שפּירען

טיעף די בושה און דאָס שמאַרצען
ביי יוכבד׳ען אין האַרצען:

ס׳איז שוין אַ חדשים זיבען,
אַז ער האָט איהר ניט געשריבען

פון דעם טריפה׳ן לאַנד דעם ווייטען...
גאָר קיין חרפּה ניט פאַר לייטען!

זי אַליין נור, נעבעך, האַלטען
מוז אין זיך דעם צער בעהאַלטען.

שטיל און פינסטער... דורך די דינע
לעדלעך, הערט זי, פאַלט אין רינע

יעדער טראָפּען, און פול אומעט
פליסט די רינע ראַש און זשומעט;

אָט אַזוי וואָלט פון איהר שווערען
האַרצען גיסען זיך די טרעהרען,

וואָלט זי ניט געוואָהנט אינאיינעם
מיט די גוטע, ליעבע שכנים.

אוי, די שכנ'טעס, די גוטע!
ווי פיעל קללות וואָלט עס נאָטע

יעדע ווייל פון זיי געקראָגען!
היינט דאָס טרייסטען און דאָס קלאָגען

אויף איהר מזל אויף איהר שווערען,
און דאס דאגה'ן, וואָס וועט ווערען

פון דעם יתום'על, דעם קליינעם —
אוי, די גוטע, ליעבע שכנים!

אומעטיג... נאָר דורך די דינע
לעדלעך הערט זי, ווי די רינע

האָט איהר אומעט־טאָן פערלאָרען,
עפּעס טרויסטענד ווייך געוואָרען.

און אדורך די לאָדען־שפּאַרעס
זעהט יוכבד ווי די כמאַרעס

אין דעם הימעל שוועבען, שווינדען,
און פער'חלום'ט נעהמט זיך צינדען

אין די ווייטע, ווייטע ספערען
א פערטראַכטער קלאָהרער שטערן...



# „שלום עליכם מלאכי השרת"

„שלום עליכם מלאכי השרת",
קלינגט הארציג דאָס קול פון דעם זיידען;
און הייליג און ליכטיג די שבת־ליכט ברענען
און פילען די שטוב אָן מיט פריידען.

ליכטיג און װאַרעם אין יעדװעדען װינקעל;
אװעק אלע דאגות די שװערע;
און הייליג און װאַרעם דערשפּירט יעדער אבר
אין זיך די נשמה יתירה.

„שלום עליכם מלאכי השרת",
קלינגט הארציג דאָס קול פון דעם זיידען;
און איבער דעם שטיבעל די שבת מאכלים
צוטראָגען א ריח גן־עדן.

שטיל זיצט די אַלטיטשקע באַבע געהױקערט
און פינטעלט און זשמורעט די אױגען;
איהר קלינגט אין דעם דרימעל דעם אַלטיטשקענס טענער
אזױ װי פון פיעדלען געצױגען.

„שלום עליכם מלאכי השרת",
קלינגט שטילער דאָס קול פון דעם זיידען;
עס דרימעלט די אַלטע... פאַר איהר שטעהען אָפען
די טהירען פון הייל'גען גן־עדן.

װײט צװישען אױלבירטען־בױמער שפּאַצירען
פּאָמעלאַך די הייליגע אבות.

פון זייערע פּנימ'ער שטראַהלען ווי זונען
די געטליכע גרויסע מחשבות — — —

* * *

„שלום עליכם מלאכי השרת"...
שוין דאָ די מלאכים פון הימעל;
זי זעהט זיי, די באָבע, זי זעהט זיי אין חלום
און שמייכעלט צו זיי אין איהר דרימעל...



# „גאָט פון אברהם"

אוי באָבעניו, זאָג נאָך ניט גאָט פון אברהם,
וואָס איז דאָס מיט דיר היינט דער אייל?
אין מערב זייט איז נאָך די זונן ניט פערגאַנגען,
אוי, באָבעניו, וואַרט נאָך אַ ווייל.

צושטער ניט דעם פריעדען פון הייליגען שבת,
די שטילע, די הייליגע רוה.
מע זעהט נאָך ניט שיינען אין הימעל קיין שטערען,
אוי, וואַרט האָטש אַ רגע'לע צו.

דער „גאָט פון אברהם", ער שפּאַנט אונז צוריק איין
אין שווערען טאָג-טעגליכען יאָך;
צו שלעפּען דעם גלות, דאס חדר, דעם רבין,
דעם עול און די דאגות פון וואָך...

דאָך בלייבט ווי פערשטיינערט ביים פענסטער די באָבע,
זי איז צו מיין בעטען ווי טויב.
„אוי גאָט פון אברהם“, און ס'קייקעלט אַראָפּ זיך
אַ טרער אויף דער דונקלענדער שויב...



# דער אלטיטשקער

שטיל, עס שלאָפט דאס גאנצע הויז שוין,
נור ביים אַלטיטשקען אין צימער
ברענט אַ קליינטשיק חלב־ליכטעל
און פערשפרייט אַ געלען שימער...

איינגעהויקערט ביי דעם טישעל,
אין די הענד דעם קאָפּ בעהאַלטען,
זיצט דער אַלטיטשקער און זוכט וואָס
אין אַ ספר אין אַן אַלטען.

נאָר דער קאָפּ, דער שוואכער, שווינדעלט,
און די קראַנקע אויגען שמאַרצען,
און דאס ספר, עפּעס וועקט ניט
קיין התמדה מעהר אין האַרצען...

אַך, ניטאָ שוין יענע צייטען,
ווען ער האָט מיט ווילד הנאה
זיך געליעבט אריינצופּלאָנטרען
אין אַ האַרבער שטיק מהרש“א.

ווי אַ שווימער אַ געניטער,
אָהן אחריות און אָהן מורא

פלעגט ער שווימען אין די כוואַליעס
פון דער ברייטער, טיעפער תורה.

אָך, פערלאָשען האָט די עלטער
דעם התמדה'שען געפיהל איהם —
מאַך־זשע, זיידע, צו דאס ספר,
נעהם זיך בעסער פאר דעם תהלים.

קענסט דאָך תהלים אויסענווענינ;
קענסט דעם זיסען טרויער ניגון, —
זינג־זשע, זיידע, און דיין שאָטען
וועט דיר העלפען פרום זיך וויעגען...

* * *

שטיל, עס שלאָפט דאָס גאַנצע שטעדטעל,
און דאָס געסעל ליגט אַנטשוויגען —
ניר פון אַלטענס פענסטער קלאָגט זיך,
וויינט דער שטילער תהלים־נגון...



# פריהלינגס רעגען

(אין ארעמען געסעל).


רעגענדעל האָט זיך געלאָזען
ערקוויקענד, מחיה'דיג, לייכט
און קראָפּיעט און פּויקט אין די פענסטער,
די שויבעלעך מאַכענדיג פייכט.

איך קוק ווי דאס רעגענדעל קראפיעט
און שפריצט אויף די שטיינער פון גאס
און עפּעס פערקוועטשט מיר ביים הארצען
און מאַכט מיינע אויגען מיר נאַס.

דער רעגען, די ברכה פון הימעל,
וואָס שפריצט אויף דער ערד זיך און גיסט,
ער פאַלט אויף מיין ארעמען געסעל
און געהט דאָ פערלאָרען אומזיסט.

עס וועט זיך מיין געסעל פערבלייבען
פער׳חשכ׳ט און אָרים ווי פריה׳ר
אזוי ווי די ארעמע מענשען,
וואָס לעבען און שמאַכטען אין איהר.

אוי אָרעמעס, אָרעמעס געסעל!
קיין גרעזעל, קיין בלעטעל, קיין בלום,
נאָר קראַנקע געבויגענע מענשען,
ווי שאָטענס דאָ שלעפּען זיך אום.

איך קוק ווי דאָס רעגענדעל קראַפּיעט
און עפּעס אין האַרצען מיך ציהט:
אוי אָרעמעס, אָרעמעס לעבען,
עס שפּראָצט דאָך וואו ערגעץ און בליהט!...



*    *
*

קום שוין, קום, אָה קלאָהרער שנעע,
קום צוגעהן וואָס גיכער.
ס'האָט די נאַכט שוין צוועלף געציילט,
אַלעס שלאָפט שוין זיכער...

אַלעס, אַלעס שלומערט דאָ,
דאַרפסט זיך גאָר ניט שרעקען,
דיך וועט איצט דאָס קוויטיגע
לעבען ניט בעפלעקען.

קום־זשע, קום־זשע, קלאָהרער שנעע,
פּרוב זיך, אויף צופלייסען,
מיין פער'חשך'ט געסעלע
אָנצוטהאָן אין ווייסען...

פריהלינג, זומער, איז דאָס דאָך
נאַקעט, בלויז כסדר —
באַרג־זשע דו דעם, באָרג אַצינד
ווייסע, ריינע קליידער...

קום שוין, קום שוין גיכער, שנעע,
הער אויף שיהות מאַכען,
דען דאָס וויסטע לעבען וועט
באַלד, דאָ באַלד ערוואַכען...



